פּרייז 25 גראָשען פיערטער יאָהרגאנג „RADOMER-KIELCER-LEBEN“ 1 (141) Należytość pocztowa uiszczono ryczałtem“

# ראַדאָמער-קעלצער לעבען

הײנט 10 זײטן.

אדרעסען:
פון „ראַדאָמער-קעלצער לעבען“

אין ראַדאָם:
Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben“
Radom, Szwarlikowska 20.

אין קעלץ
Redakcja i Administracja
„Radomer-Kielcer Leben“
Kielce, Staro-Warszawska 34.

אַנאָנסען פּרייז!
יעדן מילימעטער עו־ה: פאַרן טעקסט 20 גר.
„ 40 „ אין „ „ „
„ 18 „ נאָכ׳ן „ „ „
די ערשטע זײט ענטהאַלט 8 שפּאַלטען
„ 4 אין טעקסט אין לעצטע זײט

ראַדאָם פרײטאָג ד׳ שבט תרפ״ז — פאַר׳ן אינהאַלט פון טעקסט אין די אַנאָנסען איז די רעדאַקציע ניט פאַראַנטוואָרטליך — 7 go stycznia 1927 r.

Z intencji zaręczyn naszej kochanej koleżanki **Sabiny Flamenbaumówny** z p. **Maurycem Szermanem** życzymy bezmiaru szczęścia i wiecznej miłości.

**Andzia, Dora, Cesia, Hanka, Rózia, Rachela, Celina, Frania, Hela, Hanka.**

צו דער פערלאָבונג פון מײן ליבע פרײנדינע
**חײ׳לע לעווקאָוויטש** מיט ה׳ **יחיאל זינענבערג**
װינשט אַ גליקליכע צוקונפט און אַ אנגענעהמע
צאַמען אין זײער נײעם לעבענס—װעג.

**עלקע, באַלטשע און חײם**
**חורגין.**

Pannie **Heli Chwatównie** z intencji Jej zaręczyn z p **Mońkiem Dorfsmanem** serdeczne życzenia składa
**Rózia Feldmanówna.**

צו דער פערלאָבונג פון אונזער פרײנדין
**חיה׳לע לעווקאָוויטש** מיט ה׳ **ח. זינענבערג**
װינשען מיר אַ גליק כו צוקונפט און עוויגע
צופרידענהײט.

ב. פינקעלשטײן, מ. פינקעלשטײן,
ב. דאַװידמאַן ה. פינקעלשטײן,
ב. האָכענבאַום, נ. גוטמאַן.

צו דער פערלאָבונג פון מײן קוזין
**נטע דיאַמענט** מיט פרל **דבורה גאַרפינקעל**
װאונשען מיר אַ הערציגען ברכת־מזל־טוב גליק,
צופרידענהײט און אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבען.

**אברהם ציטרינבוים**
און פרוי — קעלץ.

מגומק לבננו הננו מברכים בברכת מזל—טוב
המה את ידידנו מר **נטע דימנט**
לאירושיו את העלמה **דבורה גרפינקל**
**יצחק רוטנברג**
ורעיתו. קילץ

Z intencji zaręczyn kolegi
**NATANA DIAMENTA**
z p.
**DORĄ GARFINKLÓWNĄ**
życzymy różowej przyszłości.

**Personel Banku Kredytowego**
w KIELCACH.

**דבורה גרפינקל — נטע דימנט**
קעלץ.

## = מאורשים =

בחדש שבט תרפ״ז.

בברכת מזל טוב חמה
ועתיד מזהיר על הרי־ארצנו הרינו מברך את
ידידי ורעי
**נטע דימנט** לרגלי אירושיו את העלמה
**דבורה גרפינקל.**

**אליעזר זלאָטאָ**
קעלץ

בברכת מזל—טוב חמה ועתיד מזהיר
הננו מברכים את בן-אחינו **נטע דימנט**
לרגלי אירושיו את העלמה **דבורה גרפינקל**
**שמחה דימנט.**
קילץ.

בברכת מזל־טוב חמה הרינו מברך את חברי
מר **נטע דימנט**
לרגלי אירושיו את העלמה
מרת **דבורה גרפינקיל**
תהי דרכם סוגה בשושנים.

**הלל זלוטאָ**
קעלץ.

בברכת מזל—טוב חמה ועתיד מזהיר
הרינו מברכים את ידידנו מר **נטע דימנט**
לרגלי אירושיו את העלמה **דבורה גרפינקל** מקילץ
**יוסף קלכשטין**
ורעיתו קילץ.

צו דער פערלאָבונג פון אונזער ליבע שװעסטער
פרל׳ **עלקאַ גאַרפינקעל** מיט ה׳ **אליעזר קאַגאַן**, פון טאָמאַשאָוו.
װינשען זײ אַ פרײליכע און גליקליכע צוקונפט
די שװעסטערן און ברודער:

**חנה רחל, ראָזאַליאַ, סאַלקע, דאָראַ,**
**צבי, אפרים פישל, יחיאל דוב און יעקב דוד.**

ראַדאָם 3 טאָג אין ח״ש שבט 5687

## דאַנקזאַגונג.

אַ הערציגען דאַנק יעדן אין אום
רעם ה׳ ד״ר **זילבערשלאַק** פאַר
זײַן ענערגישע אַרבײט און איבער־
געגעבענהײט צו מיר אין דער צײט
פון מײן קראַנקהײט ביז געזונד
װערען.

**אהרן יוחנן שײנפעלד**
קעלץ.

צו דער חתונה פון אונזער קוזין
**ישראל ליכטענשטײן**
פון קעלץ
מיט פר״ל **ברכה זילבערשטײן**
װינשען אַ הערציגען מזל—טוב

**אברהם פישער און פרוי.**

# צי עקזיסטירט די גמילת חסד-קאסע, אדער נישט?

## אויב יא, פאר וואס הערט מען נישט וועגן איהר טהעטיגקייט?

שוין אזא איינגעשאפט פערבאנד די ראדאמער געזעלשאפטליכע איניציאטיוו: געמט מען פאר צו רעאליזירען וועלכער ס'איז אונבערנעהמונג און מען וויל עפיס דורכזעצען לטובת הכלל, האלט מען צו דערצו מיט דער גאנצער בעגייסטערונג און עקסטאזער אימפעט. מען איז מרעיש עולמות. מ'ווארפט מיט אויפרופען, מען אפעלירט צום געוויסען און מען מאכט די אמת'ע טאמבאַ, אז עס טומעלט זיך נאר אויף דער גאנצער לענג און ברייט פון דער יודישער גאס. אז מ'האט שוין דאס אלץ אבגעטוהן, אז מ'איז שוין אבגעגאנגען עטליכע שריט פאראויס און מען דארף צוטרעטען צו שעפערישע און רעאלע ארבייט, בעפאלט פלוצלינג א מאנאטאנישקייט, מ'ווערט בעהערשט פון א יאוש'דיגע שטימונג און דאס גאנצע פריהערדיגע טובת הכלל פייער ברענט זיך שנעל אויס ווי א שטרוי-זאק.

כמעט א האלבע יאהר צייט האבען מיר כסדר געוועקט און מעורר געווען אלע היגע געזעלשאפטליכע טוער צו שאפען א אהן-פראצענטיגע גמילת הסד-קאסע, וואס זאל אויסטיילען פאר בעדערפטיגע קליין סוחרים און האנדווערקער הלוואות אויף א לענגערען טערמין, אויסצאהלענדיג זיי אין קלענערע ראטעס. אונזער ווענדונג און אהנאויפהערליכער דרוק, איז אונטערשטיצט געווארען מיט דער פולער סימפאטיע און אנערקענונג מצד אלע קרייזען און שיכטען און סוף כל סוף געווירקט, אז פאר דער דאזיגער פראגע זאל ארויסגערופען ווערען דער נעהעריגער אינטערעס און פערשטענדניש.

אין די גמינע קרייזען האט מען זיך ענדליך געכאפט, אז מען דארף אין דער יעצטיגער קריטישער צייט עפיס טוהן ממשות'דיגעס אויפן עקאנאמישען געביט פאר דעם רואינירטען און עקאנאמיש — אונטערגעהענדען יודישען סוחר און בעל-מלאכה. אויב נישט במעשים לינדערען די גרויסע הערשענדע נויט, פא זאל חאטש די איניציאטיווע ארויסגערופט ווערען מצד דער אפיציעלער קהלה — רעפרעזענטאנץ. האט מען דארט אנגעהויבען ערנסט א טראכט טוהן און אין רעזולטאט דערפון, איז געשאפען געווארען א קאמיטעט ביי דער בייזיק פון גמינע-מיט-גלידער, וועלכע זאלען צוזאמען בויען די גמילת-חסד-קאסע.

מ'האט זיך אויב א אורחא געווענדעט צום „דזשאינט" קיין ווארשע אין פארשטעלענדיג די אויפגאבען פון דער גמ"ח—קאסע, איז געלונגען צו בעקומען א אנגעוועהנטע געלד—שטיצע אין דאלארען און מען איז פאזיטיוו צוגעטרעטען צו דער אקציע.

האבענדיג צו אייגענער דיספאזיציע מעהר—ווייניגער א געוויסען גרונד-קאפיטאל האט מען אנגעהויבען ארויסגעבען הלוואות. אין התחלת נאך אומבעריימפניג און זאגאר בעשרענקט, אבער דערביי האט מען געפלאנט צו אויסברייטערען די טהעטיגקייט און צו דעם צוועק האט מען זיך געשטעלט פאר א אויפגאבע אויך אריינצוציהען דורך זבלאס—בעשטייערונגען די ביי-טערע שיכטען פון דער ארטיגער יודישער בעפעלקערונג.

געטהון. אין דאס אייגענטליך געווארען מיט ווער הוא אמינא און אויף צם דעם סמך, וואס דאדורך וואס די שטאדט וועט זיך מעהר אקטיוו בעטייליגען אין דער זאמעל—אקציע פאר דער גמ"ח—קאסע, אלץ מעהר וועט זי בעקומען שטיצע פון „דזשאינט", אין דאס מאקי איז געווען איינער פון די פעהלערן. די אנפיהרערשאפט פון דער גמילת—חסד-קאסע האט ווייניג געזארגט דערפאר, אז זי זאל זיך מעהר קונם שם זיין און ערווערבען וואס מעהר סימפאטיע ביי דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג, בעזייטיגענדיג פון די הלוואות דעם כאראקטער פון צדקה און פילאנטראפיע און אין איין וועגס אויך נישט אזוי פיל בעשווערען דעם בעדערפטיגען ביים ארויסבעקומען די קליינע הלוואה. נאר זי האט דער עיקר שפעקולירט דערויף, וואס זי האט ארויסגערוקט דעם שלאג—ארגומענט, אז דעריבער זאל די שטאדט געבען וואס מעהר, ווייל דערמיט וועט מען בעוועגען, אז אויך דער „דזשאינט" זאל וואס מעהר געבען. מיר האבען דערויף געגעבען אויפמערקזאם געמאכט.

אבער דער קאמיטעט איז זיך ווייטער געגאנגען זיין וועגס און כסדר אפערירט מיטן „דזשאינט" מאָטיוו, אינטערעסירענדיג בעשיינפערליך. אז דאס געלד פון דער שטאדט, איז נאר אויף אזוי פיל נויטיג, אויף וויפיעל מ'וועט קענען וואס מיהר דאלארען פון „דזשאינט" ארויסבעקומען. מעהר בעדארפט מען נישט די שטאדט, ווען די מיינונג און אבשאצונג פון איז איינע-גאל, ווי מען וואלט גלייכגילטיג זיין, אין דער בעציהונג פון אנערקענונג און ס'וואלט קיין נפקא מינה נישט געווען צי מען איז יא מסכים מיט'ן ביטפען פון דער הלוואה—טיילונג, אדער נישט.

די אויפרופען און גאלעפקעס האבען פערקלעבט אלע שוי—פענסטער, פון וועלכע ס'האט ארויסגעשריגען ווי אן אליארם-סיגנאל, אז מיט יעדען זלאט

---

# די בלוטיגע ליבעס געשיכטע

## פון יאסעלע צייטלינס טאכטער

## פון מאסקווע און פעליקס דזשערזשינסקי

פון י. בערלאוויטש.

צווישען די קורצע נייעס, וועלכע ווערען געדרוקט מיט פיטשינקע אותיותלעך האבען די פאריזער צייטונגען מיט א פאר וואכען צוריק געבראכט פאלגענדע ידיעה:

### זעלבסטמארד פון א רוסישער דאמע:

„אין „פאפסי", אין דעם פאריזער שטאדט-טייל, וואו עס וואוינען די רוסישע עמיגראנטען פון „בעססערען פארט", וועלכע זענען אהער אנטלאפען פון די באלשעוויסטישע פערפאלגונגען האט זיך דערשאסען מיט א רעוואלווער א יונגע פרויענצימער פון א יאהר ניין און צוואנציג, וועלכע הייסט לויט איהר רוסישען פאס, רעוועקא יאסעלעוונא סטעפאנאווא, געבוירען אין מאסקווע. אין פאריז האט זי געלעבט שוין א יאהר זעקס צוזאמען מיט איהר אלטער מוטער, וועלכע איז איצט שטארק צובראכען צוליב דעם טראגישען סוף פון איהר טאכטער".

ווער זשע וואלט זיך געקענט דיכטען, אז די דאזיגע געצאהלטע שורות פון דער צייטונגס-כראניק טעמהאלטען א בלוטיגע ליבעס-געשיכטע פון דער אומגליקליכער יודישער טאכטער פון בעריהמטען מאסקווער יודישען סוחר ר' יאסעלע צייטלין, וועלכער איז אין רעכטען בוך פון באלשעוויסטישען טעראר דערשאסען געווארען דורך דער טשעקא?

### ר' יאסעלע צייטלין.

א מערקווירדיגער פערצייכנער יודישער מיט איז געווען ר' יאסעלע צייטלין.

געשטאמט האט ער פון דער יחסנדיגער יודישער משפחה צייטלין פון שקלאוו, וועלכע האט ארויסגעגעבען פון זיך אין פאריגען יאהרהונדערט א היבש ביסעל רבנים, נגידים, געבילדעטע לייט און כלי מהופר. זיין עלטער-זיידע איז געווען דער בעריהמטער ר' יהושע צייטלין, וועלכער איז געווען א תלמיד פון ווילנער גאון. דער [illegible] צו נאן א גרויסער עושר, האט [illegible] געפיהרט הונדערטער געשעפטען, געהאלטען גרויסע „קאנטארן פאבריקען" און צוליב זיין און צוליב זיין אומפערגלייכער עהרליכקייט און קלוגשאפט איז ער געווען זייער אנגענומען ביי דער רוסישער רעגירונג און האט דעריבער געקענט זיך שטענדיג מעתדל זיין פאר יודען אין א „עת צרה", ווען עס פלעגען זיך פלאצעווען אויף זיי שלעכטע גזירות. איבערהויפט האט ער פיל אויפגעטהון פאר די יודען אין די צייטען פון די „כאפערס"... ער האט דאן אנגעשפארט אוש אין פעטערבורג צום קייזער ניקאלאי דעם ערשטען... יענער ר' יהושע צייטלין, ר' יאסעלעס עלטער-זיידע פלעגט ביי די רוסישע יודען פון יענעם פעריאנגענעם דור אנגערופען ווערען „דער שרה"..

ר' יאסעלע צייטלין איז אויך געווען ווי אלע צייטלינס פון דער שקלאער משפחה א גרויסער למדן און א גרויסער פרומער. ער האט אלס יונגערמאן שוין געהאט בעקומען סמיכות אויף

מאכט מען היינט 2 זלאטעס פון „דיאמאנט". חוץ דעם האט מען פונאנדערגעשיקט פאר פעסט די אלע נטאטצאהלער א עטצעטלע אויסרופען, און נאך דעם אלעם פרעגט זיך, פאר וואס איז פלוצלינג שטיל געווארען און די גמילות חסד—קאסע לאזט פון זיך גארנישט הערן? פאר וואס האט דער קאמיטעט פון דער גמ"ח-קאסע פריהער פון צייט צו צייט בעקאנט געמאכט וועגען איהר טהעטיגקייט פאר דער עפענטליכקייט, אויסגעבענדיג ציפערדיגע בעריכטען, און לעצטענס זעהט מען דאס נישט?

עס איז דאך א סברה, אז גראד אין די לעצטע וואכען פאר ניי יאהר האט די גמ"ח קאסע בעדארפט ענטוויקלען די אינטענסיווסטע טהעטיגקייט אויפ'ן געביעט פון ערטיילען גרעסערע הלוואות דעם יודישען קליין-סוחר און בעל מלאכה, וועלכע זענען צימייגסט געדרוקט און געקוועטשט אין לעצטען חודש פון יאהר. ווען מען מוז על פי רוב אברענגולירען די וועקסלען, וועמענס טערמי'ן עס לאזט זיך מעהרסטענטהיילס אויס ענדע יאהר, און צו וועלכער צייט ער דארף אויך אויסקויפען א נייעם פאטענט. אין פיעל שטעדט, וואו נור עס עקזיסטירען גמילות חסדים קאסעס האט מען די קלענערע אונפערמעגליכע סוחרים און בעלי מלאכות ארויסגעבארגט ספעציעל אויף פאטענטען.

וועגען אזא וויכטיגע אינטערשטיצונג ווי ביי היינטיגע צו זיין דעם געדרוקטסטן, ארימען סוחר און האנדווערקער בייס פאטענט אויסקויפען, האט מען, דאכט זיך, פון דער ראדאמער גמ"ח קאסע ווענינג געהערט. מיר וועלען זיכער נישט מגזם זיין ווען מיר וועלען זאגען, אז פיל יודישע סוחרים און בעל מלאכות אין ראדאם האבען זיכער נישט געהאט אויסצוקויפען קיין פאטענט, און זיי האבען ביז'ן לעצטען אויספערקויפט פון זיך אפי' אויסצולייזען דעם האנדעלס צייגניש. ווער ווייסט צי עס געפינען זיך נישט א סך, וואס זענען צוליב דעם ארעב פון פלאץ. ווער ווייסט?

פון דעם אלעם אויבענגעזאגטען פרעגט זיך: עקזיסטירט די גמילות חסד-קאסע, אדער נישט? אויב יא, פאר וואס הערט מען לעצטענס אזוי ווע-ניג וועגען איהר טהעטיגקייט?

**ב. צוויג.**

# ווי אזוי רעאליזירען מיר דעם פראיעקט וועגען אויפבויען א אייגענע האנדווערקער הויז אין ראדאם?

לעצטענס איז ענטשטאנען צווישען די האנדווערקער-ספערען אין ראדאם דער געדאנק אויפצובויען א אייגענעם האנדווערקער-בנין, וואו עס זאלען זיך געפינען אלע זייערע אינסטיטוציעס. ווי: באנק, קלוב, א קולטור-הויז, ביבליאטעק, לעזע-זאהל, אוונט-קורסען, א האנדווערקער-שולע, א אנסאנגס, און פאלקס-שולע א. ז. וו. דער פראיעקט איז ווירקליך א הערליכער און די אונטערנעמונג דארף באמת בעגריסט ווערען, נישט נאר פון בלויזען האנדווערקער-קרייזען. נאר אויך פון דער גאנצער ראדאמער יודישער געזעלשאפט, ווארום, ווען עס קומט א טייל פון דער געזעלשאפט וואס רעכענט זיך 35 פראצענט פון דער יודישער בעפעלקערונג, און נעמט אונטער אזא גראנדיעזען שריט ווי דאס אויפבויען א געזעלשאפטליך הויז, ווערט עס ממילא פערעכענט אויפען חשבון פון דער בערייכערטע ווירטשאפט פון דער גאנצער יודישער קהלה. עס שטעלט אבער זיך די פראגע: פון וועלכע מיטלען קלערען די האנדווערקער צו צו קומען צו זייער געווינשטען ציעל, וואס פאדערט פיל גרעסערע סומען דערצו?

דער שרייבער פון די שורות, האבענדיג שוין דעם כבוד אנטייל צו נעמען אין אזא עהנליכע אונטערנעמונג וויל אנמערקען די וועגען און מיטלען, וועלכע עס דארפט דארצו אנגעווענדעט ווערען, כדי צו ערייכען דעם געווינשטען ציעל.

צו דעם צוועק ברוין געשאפען ווערען א קאמיסיע ביים האנד.—קלוב וואס זאל גענוי בעטראכטען דעם פראיעקט, מחמת אין זיין סדר. קודם כל, איז די גאנצע אינטערנעמונג געשטיצט אויף אייגענע האנדווערקער-כוחות.

נאך דעם ווי מיר זעהען אין די לעצטע יאהרען דעם גרויסען און שטארקען פערגעס פון דעם יודישען האנדווערקער, זיין השפעה אויף די אלגעמיינע און יודישע גאס, און זעהענדיג דעם שטארקען האנדווערקער אידעאליזם, קאנען מיר גלויבען דאס ווי וועלען ערדייכען זייער וואונש מיט ערפאלג.

דעריבער דארף ווערען אויפגענומען ערשטענס אפרייוויליגע שפענדונג פון די מעהר פערמעגליכע האנדווערקער אין גרעסערע סומען, וועלכע זאלען פערעפענטליכט ווערען אין די היגע פרעסע.

---

רבנות אין זיין געבורטס-שטאדט שקלאוו האט איהם געוואלט נעמען פאר א רב גלייך נאך זיין חתונה... ווי זיין עלטער זיידע ר' יהושע, האט ער אבער נישט געוואלט אויף זיך אויפנעמען דעם יאך פון רבנות. האט ער בעסער זיך פערנומען מיט האנדלען, און איהם איז אוועקגעגאנגען זייער גוט אין מאסקווע האט ער זיך בעזעצט שוין גאר לאנג; דארטען האט ער געהאט געגרינדעט א גרויסע קאנטאר פון תבואה. און פלעגט פיהרען געשעפטליך אין פיל מיליאנען, א הם איז אויסגעקומען צו האבען געשעפטליכע בעציהונגען מיט רוסישע פויערים, מיט גרויסע רוסישע פריצים, מיט גראפען און פירשטען. ווי אויך מיט פיל אויסלענדישע פירמעס, און אלע האבען איהם ליב געהאט און גע-שעצט זייער א ווארט איז שיינענדיג געווען זיכערער, ווי א וועקסעל, און זיין גוט-הארציגקייט און פריינדליכקייט צו אלע מענשען האט גאר נישט געהאט קיין גרונגר.

אין קעגענזאץ צו דעם גרעסטען טייל יודישע מיליאנערען אין מאסקווע, האט ער זיך אלץ שטארקער געהאלטען אן זיין יודישקייט, וואס מעהר עס האט געוואקסען זיין רייכקייט. אין דעם פרט האט ער איבערגעשטיגען אפילו די פאליאקאווס און די גינצבורגס, די מילאנערפקע יודישע כלל-טהוער פון מאסקווע און פעטערבורג. און אז ער האט דערלעבט אויפצובויען פאר זיך א גרויס הויז אויף דעם שענסטען ווינקעל פון דער פריטשער גאס „ארבאט", האט ער צו דער זעלבער צייט דארטען אויפגעשטעלט פאר זיך אן אייגענעם קלויז, געלאזען שרייבען פאר זיך ספרי תורות אויפגעהאלטען א שמש און א חזן און אפילו אן אייגענעם שוחט, ווייל „ארבאט" איז דעמאלט נאך געווען ווייט פון די יודישע גאסען אין מאסקווע, און די עטליכע צעהנדליג יודישע משפחות, וואס האבען דארטען געוואוינט, האבען זיך אין דעם זעהר געגרויסיגט...

אויף דעם אלטען שטייגער פון די פרומע און ערליכע יודען, פלעגט ר' יאסעלע צייטלין שטענדיג אפרייסען פון זיינע געשעפטען צייט צום לערנען. ווי נאר עס פלעגט קומען דער אוונט און ער פלעגט זיך בעפרייען פון זיין תבואה קאנטאר, פלעגט ער זיך אוועקזעצען אין זיין אייגענער קלויז ביי א גמרא אדער ביי אן אנדער יודישען ספר, און פלעגט נישט געהן א היים שלאפען פאר האלבע נאכט.

זיין ביבליאטעק איז פאר'ן קריג שוין געווען בעקאנט אין דער גאנצער גע-לעהרנטער וועלט, און איז געשאצט געווען אין די הונדערטער טויזענטער.

אויסער יודישע זאכען איז ר' יאסע-לע צייטלין געווען א שטארקער ליב-האבער פון וויסענשאפט, ווי זיין על-טער-זיידע ר' יהושע, און אין מאס-קווער אוניווערזיטעט פלעגען ארויסגעגעבען ווערען פאר זיין געלד „פרייזען" פאר יונגע געלערטע. זעלבסטפערשטענדליך, אז ער איז נישט אפגעשטאנען אויך פון יודישע ענינים די מאסקווער יודען האבען דאך יאהרען לאנג געלעבט אונטער דעם שארפען שווערד, וואס עס האט געהאלטען איבער זייערע קעפ דער גרויספירשט און יודען פרעסער, סערגיי, דער מאסקווער גענעראל גובערנאטאר, אלעקסאנדער דעם צווייטענס זון. סערגיי האט אבער געוואוסט, וואס פאר אן אויסגעצייכענטער מענש עס איז דער „זשיד" צייטלין; ער האט אויך פיל מאל געהערט, וואס פאר א כבוד מען פלעגט אבגעבען ביי זיינע קייזערליכע עלטערען אין פאלאץ פאר צייטלינס עלטער-זיידען, פלעגט ער ווי ווייט מעגליך ערמעגליכען צייטלינס בקשות פאר יודען, ווען ער פלעגט קומען צו איהם בעטען. און טאמער פלעגט ער

אין דאָ איז וויכטיג צו בעגריסען די ערשטע שפּענדונג פון האַנדוועקער. ח' מ. פעלדמאַן 5 טויזענט ציגעל צו דעם צוועק און זיין צוגעזאָגטע ווייטערע איגטערשטיצונג, אויף דעם געביט. עס קאָן אייך ארויס געלאָזט ווערען אַזעלכע אַנדענקונגס־קאַרטען דורך וועלכע מען זאָל קאָנען שפּענדען 10, 20 אָדער מעהר און וועניגער איילען פלאַץ. אָדער אויף בוי־מאַטעריאַלען וואס זאָל זיין בעצייכענט אין דעם ווערט, מעהר אָדער וועניגער, אין אַ געוויסע סומע.

יעדער איבערגעגעבענער האַנדווערקער וועט גערען שפּענדען אין אַזאַ פאָרם. ווערענדיג פערעפענטליכט אין אַ ספּעציעל רובריק אין די היגע פּרעסע, וועלען די אַלע שפּענדער רעגיסטרירט ווערען נאָכהער אין גאָלדענעם בוך פון אויפגעבויטען האַנדווערקער־הויז, אַלס זיינע אויפבויער.

דאָ קאָן אויך קומען אין בעטראַכט די פיעל פיבאַטיקער פון דעם האַנדווערקערטום, וועלכע וועלען גערען שפּענדען, כדי אויך צו זיין פון די אַנטייל—נעהמער אינ'ם אויפגעבויטען געזעלשאַפטליכען בנין.

ווייטער מוז אַרויסגעלייגט ווערען אַ מאָראַלישע צוואַנגס—בעשטייערונג אין פערשידענע פאָרמען, אויף אַלע 900 פערעגיסטרירטע מיטגלידער, לויט אַ געהעריגע אָבשאַצונג, וועלכעס מוז זיין דער יסוד פון דער איגטערנעמונג.

דאַן דאַרפט ווערען ענטוויקעלט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע אַקציע און אַגיטאַציע צווישען די האַנדווערקער מאַסען, וואָס שטעהען אויסער דעם קלוב.

איך בין זיכער, אַז יעדער, וואָס טראָגט נור דעם נאָמען בעל מלאכה וועט פּשוט גליקליך זיין, אַז ער וועט קאָנען זיין צווישען די מיטבויער, לויט יעדענס מעגליכקייטען, פערשטעהט זיך.

מעגליך, אַז מיר וועלען פילייכט אַנטרעפען אויף אַרבייטסלאָזע בעל־מלאכות, אָדער אַזעלכע וואָס וועלען ניעט זיין בכוח צו שפּענדען זאָגאַר קלענערע סומעס, און דאָך וועלען זיי וועלען זיין פון די מיטבויער פון דעם האַנדווערקער בנין, נישט וועלענדיג אָבשטיין פון דעם אַלגעמיינעם האַנדווערקער קיבוץ. דאַן איז אויך דאָ פאַר זיי די מעגליכקייט אַנטייל צו נעמען. אויב נישט מיט קיין געלד־שפּענדונג, קאָנען זיי שפּענדען עטליכע טעג ריינע אַרבייט. און דאָס וועט אַריינגערעכענט ווערען אין סך־הכל פון געלד. און גליקליך וועט זיין דער טייל האַנדווערקער ווי: מויערערס. בליאַכאַזשעס, סטאָליאַרעס, מאַלאַזשעס א. ז. וו., וועלכע נישט האָבענדיג בכח צו בעשטייערען זיך מיט געלד, וועלען וויסען, אַז מיט זייערע אייגענע הענד בויען זיי זייער אייגען האַנדווערקער־הויז, פון וואָס זייערע קינדער וועלן אויך קאָנען געניסען.

צומלעצט וויל איך צוגעבען, אַז אויך די יודישע גמינע דאַרף געבען אַ נעהעריגען סובסידיום אויף דעם ציעל. דען נאָך דעם, ווי דער יודישער האַנדווערקער צאָהלט זיינע שטייער—לאַסטען די יודישע גמינע. דאַרף אויך די גמינע בעזאָרגען דעם האַנדווערקער, זיינע קולטורעלע און אַנדערע געזעלשאַפטליכע בעדערפניסען. ליידער האָט די גמינע וועניג איניציאַטיווע בעוויזען אויף דעם געביטע און וועניג געשאַפען נאָך פאַר דעם קלאַס פון איהרע שטייער־באַהלער ביז דער צייט. דעריבער דאַרפט די גמינע אַנטקעגען קומען מיט אַ ספּעציעלען סובסידיום אויף דעם צוועק. איך וויל גלויבען, אַז אויך די גמינע וועט אַרויסווייזען אַ גוטען ווילן אַנטייל צו נעמען אין דעם אויפבוי פון דעם געזעלשאַפטליכען האַנדווערקער—בנין אין ראַדאָם.

**א האַנדווערקער.**

# אונזער בריעף-קאַסטען.

פון היינטיגען נומער אָן הויבען מיר אָן ענטפערען לויט סדר אויף אַ גאַנצע רייהע בריעף. וואָס איז דערהאַלטען געוואָרען אין רעדאַקציע.

לעזער אָ. צ. ארץ־ישראל.

איהר האָט רעכט, וואָס איהר פּראָטעסטירט געגען דעם העסליכען רכילות־טרייבעריי אין ראַדאָם איבער חלוצות און סתם ראַדאָמער מיידלעך אין ארץ־ישראל. איין זאַך וואָלטען מיר אייך געבעטען. אויב אין א"י ווייסט מען טאַקי אַזוי געגוי וועגען די פערשפּרייטע בייזוויליגע און קאָמפּראָמיטירענדע קלאַנגען, וואָס ווערען אין ראַדאָם אויסגעטראַכט איבער ערליך־אומשולדיגע היגע מיידלעך, טאָ זייט אַזוי גוט און ווייזט־אָן אין אַ אָפיציעלען בריעף, ווער ס'זענען די לייט, וואָס בעשמוצען די היגע בכבוד'דיגע און אָרענטליכע קינדער. ביי איין וועגס ווייזט טאַקי אָן אין זעלבען בריעף ווי אַזוי די אומזיסט בעערדטע היגע בעלי — בתים'ס טעכטער אַרבייטען שווער און מיט שווייס, ביז זיי פערדינען כשר און אָרענטליך אויף אַ קאַרג לעבען אין א"י. מעגליך אַז דאַמאָלס, וועלען מיר קאָנען אויפווייזען, אַז די בעשמוצער געהערען צו דער קאַטעגאָריע פוסט און־פּאַסטניקעס. און פיהרענדיג אַ פערשווענדעריש־ליקאָר־יעז לעבען, האָבען זיי פון לאַנגווייליגס. נאָך די שימי־טענץ און דאַנסינגס, נישט מעהר צו טוהן, ווי בעשפּייען און בעשמוצען די פּראָדוקטיווע און די שווער אַרבייטענדיגע שוועסטער און ברידער פון אַ נייעם אידעאַלען לעבען.

לעזער ב. ג. ראַדאָם.

איהר בייזערט אייך, פאַר וואָס מיר פּאָלטירירען די משפּטים וואָס זענען לעצטענס פאָרגעקומען אין ראַדאָם. פאַר וואָס מיר רייסען זיי נישט אָראָב, אויפווייזענדיג דעם ריינעם געלד־נייציגען אינהאַלט זייערען און די קאָמישענאַרישע זייט פון די אַרויסטרעטענדיגע אויפ'ן משפּט, וועלכע זענען צומאָלט נישט בעקאַנט מיט דער פּראַזע פון דער בעהאַנדעלטער סחורא, וואָס האָט זיך לויט אייער מיינונג אַרויסגעוויזען מיט אַ בעזונדערע בולט'קייט אויפ'ן לעצטען משפּט. אייער פאָדערונג אויף אונז איז ניט טרעפליך אַדרעסירט. איהר אַלס מעהר בעוואוסטזיניגער און אַנוועזענדער, פאַר וועמען דעם משפּט האָט געמאַכט אַזאַ איינדרוק, האָט געברויכט אַרויסטרעטען און פערפיהרען אַ משפּט געגען אַזאַ מין משפּט. מיר פון אונזער זייט האַלטען פאַר אונזער חוב צו פּאָפּולאַריזירען יעדער צוזאַגענדע ליטעראַרישע און קולטורעל־געזעלשאַפט.

אַליין, דער רייכער צייטלין, ביי איהם, ביים דשע סערגיי נישט קענען פועלן, פלעגט ער שוין צושטיין צו זיינע בעקאַנטע גרויסע רוסישע פּריצים, צו די גראַפען און פירשטען, מיט וועלכע ער פלעגט האָבען געשעפטען און וועלכע זענען פאַר איהם שטענדיג גרייט געווען צו געהן אין פייער און אין וואַסער,— און יענע פלעגען שוין פון דעם המן סערגייען נישט אָבטרעטען ביז יענער פלעגט זיך מרחם זיין. אַזעלכע השתדלות פלעגען צייטלינען אָפטמאָל קאָסטען זייער פיל געלד. ערשטענס פלעגען אַנדערע „פּריצים" אַליין „נעמען" פאַר זייער טרחה; צווייטענס פלעגט מען מוזען שטאַרק שמירען דעם גרויספירשטס נאָהענטע מענטשען, און ער אַליין, סערגיי, האָט אויך נישט פיינט געהאַט, אַז מען זאָל איהם אַריינרוקען אין האַנד... און אָט אַזוי איז מיט צייטלינ'ס הילף, פּונקט ווי אין די צייטען פון זיין עלטער זיידען. טיל מאָל אָפּגעשטעלט געוואָרען אין מאָסקווע גרעסערע און קלענערע יודישע צרות און שלעק.. מאָסקווער יודען פלעגען קומען אויף צייטלינגען ווי אויף זייער באַשיצער און מליץ יושר און האָבען איהם שטענדיג גערופען נישט אַנדערש ווי „ר' יאָסעלע"—דעם נאָמען, וועלכען ער האָט נאָך אין די יונגע יאָהרען מיט זיך מיטגענומען אַהער פון דער היים פון שקלאָוו. פלעגען שוין דאָס רוב אויך די מאָסקווער רופען איהם רופען מיט דעם זעלביגען נאָמען, אָפטמאָל מיט אַנ'איראָניע און אָפטמאָל פון דעם גאַנצען האַרצען — „גאָספּאָדין רעב יאָסעליא".

## שרה, ר' יאָסעלע צייטלינס ווייב.

אויך זיין ווייב שרה צייטלין איז געווען זייער שטאַרק באַליבט צווישען די מאָסקווער יודען. אין מאַנס געשעפטען פלעגט זי זיך נישט מישען, און פלעגט זיך נאָר פאַרנעמען מיט צדקה־זאַכען. איין דאגה האָט זי נאָר געהאַט, וואָס אין מאָסקווע, וואו אין יענע יאָהרען האָבען געמעגט וואוינען בלויז נאָר גרויסע יודישע נגידים פון דער „ערשטער גילדע", זענען נישט געווען געגוג יודישע אָרימע לייט פאַר איהר אָפענער האַנד...

פלעגט מען שוין פון אַלע ווייטע שטעדטלעך אויפזוכען די גוטהערציגע שרה צייטלין דורך בריוו אָדער ספּעציעלע שלוחים.. וואו אַ שׂרפה, און וואו אַ פּאַרפּלייצונג, וואו גלאַט אַ יוד אַנ'אביון, וואָס דאַרף חתונה מאַכען אַ טאָכטער און האָט פאַר איהר נישט קיין נדן, פלעגט מען זיך שוין ווענדען צו שרה צייטלין, וועלכע האָט אויך, ווי איהר מאַן, אין מאָסקווע אָנגעהאַלטען איהר היימישען נאָמען פון שקלאָוו... אַלע האָבען איהר גערופען „שׂרה'לע". ר' יאָסעלע'ס און שׂרה'לעס צייטלין...

(פאָרטזעצונג קומט)

כב פראַנשטאַלטונג. אויף אייער צווייפעל, צי דער ה' ליפמאַן איז ווירקליך א פסיכאָלאָג, און צי ער מוטולירט זיך נישט א מאָהל אָפטער נישט ריכטיג צלם געוו. דירעקטאָר אין א ווילנער גימנאַזיום, קאָנען מיר אייך קיין קלאָרע תשובה נישט געבען. מיר האָבען דעם ה' ליפמאַן נישט לעגיטימירט און מיר קאָנען אייך דעריבער נישט זאָגען יאָ אָדער, ניין. אויב אָבער דער לעצטער משפט איז בלויז געווען א נאכאהמונג פון אזא משפט, וואָס קומט פאָר אין ווארשא, לאָדז און אנדערע מעהר געזעלשאַפטליכע שטעדט און איז נישט געווען ווי געהעריג און ווי ס'בעדאַרפט זיין אויסגעשטעלט, אַזוי אַז מ'האָט נישט געוויסט קלאָר, מיט וואָס מ'געהט אויעק. צי פון אַן'הפסקה פון אַ געריכטס־פערהאַנדלונג, אָדער שוין פון א אורטייל — דאָס זענט איהר שוין גערעכט. דאס איז ווירקליך א פערדרוס. צו געזעלשאַפטליכע – בפרט ליטעראַרישע – אונטערנעהמונגען דאַרף מען צוטרעטען מיט מעהר ערנסט און מיט מעהר פעראַנטוואָרטליכקייט.

לעזער י. ר.

אויף דער פראַגע, וואָס וועט ווערען פון דער דין תורה אין וואַרשאַווער ראַבינאַט טכח דעם ראַדאָמער רבנות קאָנען מיר אייך ליידער קיין קלאָרע תשובה נישט געבען. מיט לומדים און רבנים איז שווער אָבצופּטר'ען א עסק מיגיה וביה. דער בחונות פינגער און און די מוח פּראַטעגיע פון לומדים קאָנען אָפט צונויפפיהרען מזרח און מערב. אויף א טריפה'נע שאלה איז אָפטמאָהל פאַראַהאַן רמזים און פוסקים אויף כשר... דאָס ווערט בעל בששים, יענץ באַלף, דאָ איז פאַראַהאַן א הפסד מרובה.. ראַ"ם — שודא דדינא. לויטן נוסח פון אייער בריעף, ציינט זיך ארוים, אַז איהר זענט אַ בן תורה. האָט איהר דאָך געוויס געלערענט וועגן דעם אז דער תנא ר' מאיר האָט געהאַט אַ תלמיד, סומכוס האָט ער געהייסען, וואָס אויף יעדער זאַך פון טומאה האָט ער געזאָגט 48 טעמים און אויף יעדער זאַך פון טהרה האָט געזאָגט 48 טעמים פון טהרה. כסתמא ווייסט איהר אויך פון דער ברייתא, אז אין יבנה איז געווען א תלמיד ותיק שהיה מטהר את השרץ במאה וחמשים טעמים... אזא וואונדערבארע חריפות און בקיאות האָבען זיי פּערמאָגט.

וואָס שייך דעם סירוב פון ראַבינאַט קאָנען מיר אייך פאָרלויפיג גאָרנישט זאָגען. בשעת מיר שרייבען אייך תשובה האָלט עס נאָך אין מיטען פון דער ארבייט. און דעריבער זענען מיר דערין א ביסעל מסופק. מיט די פסקי ראַ"ש. און די פּסקי תוספות וואָלט שוין באלד נישט קשה געווען. איז אָבער די צרה מיט די פיפקעס „יוד", וואָס מאַכען פון טאָג—נאכט און פון נאַכט־טאָג.

איהר פרעגט, צי ה' פאַרבשטיין וועט טאַקי האָבען א פעולה און אַן איינפלוס אויפן ראַבינאַט. פון וואַנען קאָנען מיר עס אייך גאַראַנטירען? אויב איהר גלויבט באמת אין דעם „מן הסלע הזה נוציא לכם מים" טאָ, וואָס זשע פרעגט איהר אונז? איבריגענס בשעת מיר שרייבען די שורות האָט זיך דער ס רוב־טערמין נאָך נישט געענדיגט און נביא'ת קאָנען מיר נישט זאָגען.

וואס שייך ווידער אייער פראַגע, צי עס זענען אמת די קלאַנגען, אז ס'קומען פאָר אונטערהאַנדלונגען צווישען דער גמינע מיט ה' קעסטענבערג סכח 4000 דאָלאַר אָבטרעט־געלד שוין צוזאָגען פאַר דער דירה זיינע. ווייסען מיר נאָך נישט צי ס'איז אמת. מיר זענען ביי די אונטערהאַנדלונגען נישט געשטאַנען. איהר מאַכט א פאָרשלאָג, אַז די דירה זאָל די גמינע פערוואַנדלען אין א מוזעאום און דאָרט אויסהענגען אויף אלע ווענד גרויסע פאָטאָגראַפישע בילדער פון ה' קעסטענבערג און זיינע אלע „מלחמה־מכשירים" אין יעדען איינעם קהל'שען פּערזאָנער. תקיף אָדער געזעלשאַפטליכען רוכב בערבית זאָל מען פאַר זיין אויסוואַהל פיהרער ארויספיהרען דאָרט אין יענעם מוזעאום און פריהער איהם א ווייז טוהן ברמז, ס'זאָל זיך אויך איהם נישט פערגליסטען צוזעצן אָמלך בקיפא. דער פאָרשלאָג איז שיין איהר פערמאָגט פאַנטאַזיע פון א דיכטער, פון א פאָעט, אָבער די ווירקליכקייט רעדט נאָך, פאָרלויפיג, נישט פאר אייער פריהצייטיגען פאָרשלאָג..

ה' קעסטענבערג, הערען מיר, טענה'ט ווייטער, אַז ער וויל א דין תורה און ער וויל אפשר ס'זאָל זיך אזוי לאַנג ציהען ביז די קאַדענץ פון די היינטיגע דאָזאָרעס זאָל זיך ענדיגען. בסך הכל, האָט מען אויסגערעכנט איז נאָך א גאַנצען אָנדערטהאַלבען יאָהר ביז צו די נייע קהלה וואַהלען. און אזוי ווי דאַמאָלס האָפט ער וועלען אין די קהלה אריין נייע פּנים'ער. האָט דאָך א בירה די דין תורה שוין נישט צו זיין אַקטועל... איז מה רעשו וואס האָט ער זיך צו יאָגען?. דערווייל האָט ער תירוצים. דאָ האָט ער נישט בעקומען קיין אורלויב מעהר פון 2 טעג. היינטיגע וואָך האָט ער ווידער גע'כשר'ט קהל'ס־מקוה. האָט ער דאָך איראַי נישט געהאַט קיין צייט. און אַזוי וכ"ו וכ"ו... ס'איז די מעשה מיט יענעם חדר־בחור'ל וואָס נישט וועלענדיג געהן אין חדר אריין, האָט ער רעזערווירט תירוצים אויף אלע טעג פון א גאנצע, וואָך: זונטאָג, האָט ער געזאָגט אַ תירוץ, אַז ס'האָט איהם דער קאָפּ וועה געטהון, מאָנטאָג, איז געווען תענית, דינסטאָג האָט זיך דער רביצין געשלאָגען מיטן רבי'ן. מיטוואָך איז דער רבי קראַנק געווען. דאָנערשטאָג האָט דעם רבי'נ'ס טאָכטער תנא'ם געשריבען און פרייטאָג איז שוין גלאַט פאַר שבת און עס לוינט שוין נישט אָנצוהויבען קיין נייעם שיעור...

אַנפראַגע פון לעזער מ. ג—ק

ווער איז דאָס דער פּאַרשוין וועלכען מ'האָט צוגעהזאָגט צו די צוויי פּרעזעסען אין בריעף פון דער קהלה צו די רבנים; צי איז דאָס געמהון געוואָרען מיט אַ כיון כדי אָבצושוואַכען דעם איינדרוק פון דעם בריעף, וועלכער איז איבריגענס געהאַלטען געווען אין אַ הויכען שטהנגב טאָן, ווען נישט די אונפערשטענדליכע טאַקטיק?

פ. ג—ג

תשובה: ס'זענען פאַראַהאַן נאָך אַזעלכע אונטאַקטישקייטען אויף וועלכע מיר קאָנען נאָך נישט געבען קיין ענטפער, די צייט אַליין וועט געבען א ענטפער.

לעזערין ק. ז

מיר קאָנען אייך ווענינ העלפען. רופט אייער מאַן צום ראַבינאַט, אָדער קלאָגט איהם איין אין געריכט, אַז ער פּעררעט אייך און פערנאַכלעסיגט אייך מיט אייערע און זיינע קינדער. מיר וואָלטען געשריבען וועגען דעם. ווייסען מיר אָבער נישט, צי אַלץ איז אמת, וואָס איהר דערצעהלט אונז. קיין עדות, אָדער בעווייזען, וואָס זאָלען בעשטעטיגען אייערע בעשולדיגונגען געגען אייער מאַן, האָבען מיר נישט. אונזער עצה איז, איהר זאָלט נישט פערלאָזען אייערע איינציגע קינדער. אייער מאַן וועט האָבען א ווייב. (ווי איהר זאָגט האָט ער שוין) אָבער אייערע קינדער וועלען דאָך בלייבען לעבעדיגע יתומים אָהן א טאַטען און אָהן אַ מאַמען.

אַנפראַגע פון לעזער ס ג—ג.

וואָס איז געוואָרען דער סוף מיט דעם יוד — דעם שטאָט־צאָהלער, וועלכען אַ קהלה־בעאַמטער האָט מאַלטרעטירט און געפּאַטשט — צי איז דעם פּאַטשער נאָך ווענינ דאס זיצן אויף קהל'ס פּלייצעס, דאָן ווען הונדערטער אייגענע און פאר דער געבורטס—שטאָדט פערדינסטפולע מענשען דרעהען זיך ארום איבערפּלאָץ — האָט ער נאָך אַ חוצפה צו פּאַטשען אַ יוד אַ שטאָט־צאָהלער, אויף וועמענס פּלייצעס ער זיצט?

פ ג—ג

תשובה: פאַר דעם ענטפער, וואָס דאַרף געבען דער פּראַזידיום־ווערטע צד, לאָזען מיר איבער פרייען פּלאַץ.

לעזער ל. ט

איהר זענט פולשטענדיג גערעכט. אַ יודישע אָפיציעלע געזעלשאַפט דאַרפט נישט איינאָרדנען קיין „רעסטאָ־פּרייטאָג־צונאַבעס, דערצו נאָך „טאָז" אין דער שטאָט פון וועלכע עס שטעהען געוויס נישט אַזעלכע פּערזאָנען, וואָס זאָלען האָבען אַ ספּעציעלע בעפריעדיגונג, צורייצען די רעליגיעזע געפיהלען פון די יודישע מאַסען. לויט די געהיימע איינאָרדנונג און דאָס אין דער שטיל צושיקען די איינלאַדונגס־קאַרטען איז שווער צוגלייבען, אַז דאָס זאָל האָבען געשעהן מיט'ן הסכם און מיט'ן וויסען פון אַלע מיטגלידער פון דער פּערוואַלטונג „טאָז". האָבען די איינאָרדנער געוואָלט מיטמאַכען די מצוה פון סילוועסטער האָט זי קיינער נישט געשטערט, אָבער נישט דאָס איינאָרדנען אין שבת זאָל געשטעמפּעלט ווערען מיט דער פירמע פון „טאָז", וועלכער צייהלט צווישען זיינע חברים־ליכע צאָהלער'ס הדרים און שולען, וואו מען ערציהט די קינדער אין יודישען גייסט און אָבצוהיטען שבת די פאָרשטעהער פון „טאָז" ווייסען אפשר נישט דערפון. און דעריבער וואָלט זעהר נויטיגסטען געווען צו הערען ווייטער ענטפער, וועמענס איניציאַטיוו דאָס איז געווען און צו עס איז ווירקליך איינגעאָרדנעט געוואָרען אין נאָמען פון „טאָז".

ווייל מיר גלייבען נישט אין קאָנען נישט גלייבען, או די איינשירונג פון „טאָז" זאָל האָבען דע צו א שייכות.



# וואס הערט זיך אין ראדאם.

## די מאנטאג'דיגע קאנטראליע צוליב'ן נישט אויסקויפן פאטענטן צו דער געהעריגער צייט.

דעם געוועזענעם מאנטאג זענען פינקציאנערן פון דער שטייער—מאגיסטראט איבער די געשעפטן קאנטראלירן, צי זיי האבן שוין אויסגעקויפט פאטענטן. אין יודישן קווארטאל, אויפ'ן וואקל, זענען דאדורך מאנטאג געווען עטליכע שיה'ן געשלאסן כמעט אלע יודישע געוועלבער, וועלכע, נישט האבנדיג נאך אויסגעקויפט די פאטענטן, האבן געוואלט אויסמיידן שטראף-פראטאקאלן.

בנגען דעם געוועלב-אינהאבער ח' טביה אייזענבערג (וואקל 7) איז צוויישנשטעלט געווארן 2 פראטאקאלן. דער קאנטראליער האט באמערקענדיג א הם אריינגעהן אין געוועלב, וואו ער האט זיך פערשלאסן, אויסגעפאדערט אייסצומאכן דאס געוועלב און ווען ער האט זיך אנגעזאגט דאס צו עפענען, האט ער גערופן פאליציי, וועלכע האט אינטערווענירט א לענגערע צייט, ביז דער ח' אייזענבערג האט געעפענט. ס'איז דערפאר געגען איהם צווישנשטעלט געווארן א פראטאקאל מצד דער פאליציי, וועמענ'ס בעפעהל ער האט אזוי גיך נישט אויסגעפיהרט און א צווייטער פראטאקאל פון קאנטראליער פאר פערשפעטיגן אויסצוקויפן דעם פאטענט.

---

## געהאלט קויפן „בריליאנטען" און דערווייל אוועקגעגעבן א פעקעל סחורה פאר 200 זלאטעס.

די פרוי דבורה וויינשטאק פון יעדלינסק האט פאריגן דאנערשטאג איינגעקויפט אין ראדאם א פעקעל שניט סחורה פאר 200 זלאטעס געהענדיג 6 אווענד מיט פעקיל סחורה צום אויטא, האט א הר אויפ'ן וועג אבגעשטעלט א אונבעקאנטער, וועלכער האט זי געפרעגט, אויף רוסיש, וואו ס'געפינט זיך ערגיץ א יובעליר-געשעפט. פרוי וו. האט איהם אנגעוויזען צו דער ריכטונג פון דער לובלינער גאס און איז אוועק ווייטער איהר וועגס. אבגעהענדיג עטליכע טריט איז אונטערגעקומען א ריין-געקליידעטער און אינטעליגענטער יוד און געפרעגט ביי דער פרוי וואס דער פריהערדיגער הערר האט ביי איהר געפרעגט, און בעקומענדיג א ענטפער, אז יענער זוכט א יובעליר-געוועלב. האט ער ערקלערט די פרוי, אז דער זעלבער קומט פון רוסלאנד, האט א סך בריליאנטען, וועלכע ער וויל פערקויפן פאר שפאט ביליג, ער האט דעריבער פארגעשלאגן די פרוי זאל שנעל לויפן צוריקרופן דעם „רוס" מיט די בריליאנטען, יעלכע זיי וועלן קויפן בשותפות פאר א בשר'ע מציאה.

די קליינשטעטלדיגע נאאיווע פרוי האט געגלויבט דעם „ריין-אינטעליגענטען" הערר און איבערלאזענדיג ביי איהר דערווייל דאס פעקיל - סחורה, איז זי אוועק זוכן דעם „בריליאנטענעם סוחר". פערשטעהט זיך, אז יענער האט נישט געהאט ברעה אויף איהר צו ווארטען און איז ערגיץ נעלם געווארן. ווען די פרוי האט זיך צוריק אומגעקערט נאך סחורה, איז אויך שוין דער צווייטער הערר געהאט געווארן א האז און זי איז געבליבן אהן בריליאנטען און אהן סחורה. פון דעם „רוס" איז אין קעשענע פון די פרוי געווארן א ריס.

א פנים, אז דאס זענען גוטע „פאפליים" און אפשר גאר האבן אונז די ווארשאווער מכבד געווען מיט עטליכע „נאסטראלען".

---

## פון „טאז".

(צו דער אויפמערקזאמקייט פון די עלטערן, וועלכע האבן קינדער אין די ראדאמער חדרים און אין די פרעבעל-שולען.)

---

יעדער אינהאבער פון א חדר, אדער פרעבעל-שולע אין ראדאם האט בעקומען זיינער צייט צוגעשיקט פון דעם היגען שול-ראט א אויפפאדערונג, אז ביז דעם 15 דעצעמבער זאלען זיי ארגאניזירען א היגיענישע אויפזיכט אין זייערע שולען, אנדערש וועלען די חדרים און שולען נישט קאנען זיין טעטיג.

אין דער אויפפאדערונג רעקאמענדירט דער שול—ראט, אז אין דער היגיענישער אויפזיכט, זאלען די אינהאבער פון די חדרים און שולען זיך ווענדען צו דער געזעלשאפט „טאז".

די דאזיגע געזעלשאפט האט אונטער איהר היגיענישע אויפזיכט אין גאנץ פוילען כמעט 150 טויזענד קינדער.

די היגע אבטיילונג פון „טאז" האט פערלאנגט פון די אינהאבער א אבצאל 20 גראשען פון א קינד א חודש.

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז יעדער בעוואוסטזיניגער מענש וואלט מיט פערגעניגען געצאהלט 20 גראשען מאנאטליך בכדי צו האבען די מעגליכקייט צו פערהיטען זיין קינד פון אנשטעקן זיך אין דער שולע פון א אנשטעקנדע קראנקהייט, ווי טראכאמע, טובערקוליאז, טאכרן א. ד. ג.

די אינהאבער פון עטליכע חדרים און פרעבעל-שולען האבען זיך פונדעסטוועגען ביז היינט נישט אנגעשלאסן אין דער היגער אבטיילונג פון דער געזעלשאפט „טאז".

דעריבער ווארנען מיר די דאזיגע שולען און חדרים, אז זייערע קינדער וועלען נישט קאנען געניסען פון זומער-קאלאניעס אין נערבאטקע, פון די ווינטער-קאלאניעס, פון די דערנעהרונגס-פונקטען, פון די ספעציעלע מעדיצינישע הילף, ווי אקוליסטישע, דענטיסטישע א. ד. ג. און פון די אלע אנדערע פעראנשטאלטונגען, ווי ווי רענטגענען-בעשטראהלונגען א. ז. וו. פון „טאז".

די נעמען פון די אינהאבער פון די חדרים, וועלכע געפונען זיך נישט אונטער דער השגחה פון „טאז" זענען פאלגענדע:

די ח"ה: דאנציגער און ליפשיץ, ראזענבליאט (אלטע-שטאדט), ציגמאן, מאנאסעוויטש און חייטמאן, ראזענבליאט (רינעק), ברעניעווסקי, זאיאנץ און גוטמאן.

* * *

דעם 15 יאנואר הויבט אן צו פונקציאנירן די קאנצעלאריע פון „טאז" אין איינענעם לאקאל (דלוגא 24).

---

## פון האנדווערקער—קלוב.

שבת—צו—נאכטס איז פארגעקומען די ערשטע געמיינזאמע זיצונג פון די פערוואלטונג מיט די לאקאל—קאמיסיע, אויף וועלכע עס איז בעטראכט געווארן איינינע פראיעקטען. די קאמיסיע האט בעשלאסן צו בעזוכען איינינע אייסגעגעבענע, דורך די מיטגלידער,

---

## אין דעם שטעטלע ברענט א פייערל...

(א ראדאמער אקטועל פאלקס—ליעדעל מיט די מעלאדיע פון ווארשאווסקיס „אויפ'ן פריפעטשיק".)

אין דעם שטעטלע ברענט א פייערל,
ס'לערנט זעהר הייס.
אוי! דאס רב'עלע מיט דעם שטעטלע
א שיינעם אלף בית!

און אייך בעלפערלעך האט דאס רב'עלע
צו לערנען א בע בע,
יודען מיטפערלעך און גלח ס'לעך...
סגול בית—בט...

און שבורים לעך זיצען ביי דעם טיש,
כ'זענען אויבען דא

מלחמה-זאזארלעך און „טארשווינדלעך"...
קמץ בית — באָ!..

אין די חברה לייט, קיינער נישט אומזיסט,
א ביטען בעסדיין;
נאר פאר „דאס" און „יענץ", און ווער גאר פאר
פתח שין שאָ...

און גוט ברודעריש קלאפט אין פלייצעלע
יאנטשיק קאטערינאוש,
אז ס צילינדערל מיט'ן בערדעלע
א צייטער געבען אזש:

—ניעך זשיע ראבין נעש לחיים ררעבעלע!
יא בשי פאדאם זשע —
ראבין מוטור זיין... כוסה... מוציא... ווײַן...
סגול פ' — פעע — — —

און כפירה לעך און דאנאפעלעך
פליהען שנעל אייגס צווייי;
קראכצט דאס שטעטעלע: חולם אלף — אוי
און צירי גימל — ביי...!!!

און דאס דכ'עלע לאזט דעם שטעטלע
נישט צו רוה קיין שעה, — — —
א גליק מען האלט שוין ביי — ובערת מקרבך
קמץ ריש — רע..

איבערגעגעבן צום דרוק דורך ג. מיטעלמאן

■◆■◆■◆■◆

פלעצער און געביידעס. ווי אויך צו ווענדען זיך צו די באזונדערע פער-זאנען, וועגן אונטערשטיצען די אקציע.

דעם זעלבען אווענט איז פארגעקו-מען א אלגעמיינע פערזאמלונג פון די שיפטע״—בראנושא, וועגען שאפען א הילפס—קאסע. דער פראיעקט איז דורך די אלגעמיינע פערזאמלונג אנגענומען געווארען. צום סוף איז בעשלאסען גע-ווארען צו בעשטייערען זיך לטובת דעם לאקאל—פאנד, כדי צו ערמעגלי-כען דאס ערווערבען דעם קלוב א אייגענטום.

זונטאג איז פארגעקומען די יעהרלי-כע אלגעמיינע פערזאמלונג פון טאנ-דייטער—פאך, אויף וועלכע עס איז איבערגעגעבען געווארען א בעריכט פון די טעטיגקייט פאר׳ן פארגאנגענעם יאהר, עס איז אויסגעוועהלט געווארען א פערוואלטונג.

צום סוף איז איינשטימיג בעשלאסען געווארען צו בעשטייערען זיך, יעדער לויט די מעגליכקייט, לטובת דעם לא-קאל—פאנד.

* * *

אוים׳ן ווינש פון דער אלגעמיינער פערזאמלונג פון קלוב פון 5 טן ה. ח. האט די פערוואלטונג בעשלאסען איינ-צולאדען דעם אדוו. ה׳ ראקאבש, אלס יוריסט—קאנסול, וועלכער האט גערן די איינלאדונג אנגענומען און פער-שפראכען מיט אלע מעגליכקייטען די-נען די אינטערעסען פון די מיטגלידער פון האנדווערקער—קלוב.

## די היגע יודישע גימנאזיע „פשיטשול—חיעדזי״ בעקומט צוריק רעגירונג׳ס—רעכט.

לויט א פעראָרדנונג פון בילדונגס—מיניסטעריום, דארפען אלע שולען, וועלכע האבען געהאט רעגירונגס־רעכט צוריק זיי בעקומען.

אין צוזאמענהאנג דערמיט, ווי אויך צוליב דעם, וואס די לעצטע שול — ווויזיטאציע איז אויסגעפאלען זעהר גינסטיג, וועט די היגע גימנאזיע „פשיטשול — וויערזי״ אמוואהרשיינ-ליכסטען נאך דאס היינטיגע יאהר בע-קומען די פערלוירענע רעגירונגס רעכט.

די פערוואלטונג און דירעקציע פון דער שולע דארפען פון זייער זייט אויסנוצען די גינסטיגע געלעגענהייט און מיט אלע מעגליכקייטען זיך בעמי-הען די רעכט צוריק צו ערווערבען.

## ראאוט פון „אאוקסיליום אקעדע-מיקום יודאיקום״.

היינטיגען שבת—צו—נאכט דעם 8/1 א. י. ווערט דורכ׳ן היגען „אאוקס ליום״ איינגעארדענט א ראאוט. די הכנסה פון דער פעראנשטאלטונג געהט, פער-שטעהט זיך, לטובת די יודישע אקא-דעמיקער און ס׳איז צו האפען, אז אלע איינגעלאדענע געסט וועלען ווא-רים אונטערשטיצען מיט זייער צאהל-רייכען בעזוך דעם ראאוט.

דער ראאוט קומט פאר אין די זאה-לען פון האטעל איירא פעסקי (געוו. מיראוש) און וועט זיך בעזונדערס אויסצייכנען מיט שעהנע צוגעגרייטע אטראקציעס.

אויסער פערוויילונג וועלען די איינ-געלאדענע און פערבעטענע געסט מיט-חירקען פאר דער מאטעריעלער פער-בעסערונג פון דער בעשיידענער און סימפאטישע אינסטיטוציע ווי ס׳איז „אאוקסיליום אקאדעמיקום יודאיקום״.

## פון קרן—קימת—לישראל.

אונזער שטאדט איז בעזוכט געווא-רען דורך א דעלעגאט, פון ק׳ק׳ל צענטראלע אין ווארשא ה׳ א. ביאלא-פאלסקי, וועלכער האט אפגעהאלטען א רייהע בעראטונגען און רעפעראטען, כמעט אין אלע היגע ציוניסטישע, און יוגענד ארגאניזאציעס, מיט׳ן צוועק צו רעארגאניזירען די טעטיגקייט פון היגען קאמיטעט, און אויך צו ציהען די יוגענד צו דער אזוי וויכטיגער ארבייט, פאר ארץ-ישראל. אויף דער לעצטער זיצונג וואס איז פארגעקומען שבת-צו נאכט׳ס, דעם דעם 1/1 ה״י. אין לאקאל פון דער ציונ. ארג. אין אנוועזענהייט פון דעלעגאטען, פון אלע פאראינטערעסירטע היגע ארגא-ניזאציעס, און אויך איינגעלאדענע פערזאנען, האט ה׳ א. ביאלאפאלסקי אין א לענגערען רעפעראט געשילדערט די נויטיגקייט צו ארבייטען פאר׳ן ק״ק״ל ספעציעל אין דער איצטיגער שלעכטער צייט. א דאנק איהם, איז אויך געשאפען געווארען דער קאמיטעט פאר קק״ל אין ראדאם, וועלכער קאנ-סטיטואירט זיך אויף פאלגענדען אופן: ה׳ משה ראטענבערג — פורשה, ה׳ ישעיהו אייגער — סעקרעטאר, ה׳ אלימלך פיעמאן — קאסיסאר איגאר פושקיס, ה׳ יצחק וויכבאר - קא-סיר, און רעוויזיאנס—קאמיסיע, צו איינער, פון יעדער היגער ארגאניזאצ-יע.

פאר׳ן שלוס פון דער זיצונג האט ה ביאלאפאלסקי געגעבען אנווייזונגען

ווי אזוי איינצואָרדנען דעם „גאולה—הארץ—רינג״, וועלכער האט זיך גלייך אנגעהויבען.

די נעמען פון די מנדבים און ארויסגעצויגענע וועלען פערעפענטליכט ווערען אין קומענדיגען נומער.

## אזוי זאלט איהר נישט שרייבען קיין וועקסלען, אויב איהר ווילט זיי פערטהון.

פון 1־טען יאנואר 1927 גייען איין אין קראפט נייע תקנות, מיט וועלכע די פוילישע באנק וועט זיך רעכענען ביים ריסקאנטירען וועקסלען אדער אננעמען זיי אויף איינקאסא.

ס׳וועלען נישט אנגענומען ווערען פאלגענדיגע וועקסלען:

1) אויב אויפ׳ן וועקסעל וועט נישט זיין אנגעוויזען דער ארט, וואו דער וועקסעל איז אויפגעשטעלט געווארען

2) אויב אין דער דאטע (פון צאה-לען און אויסשטעלען) וועט דער טאג נישט זיין אנגעוויזען מיט ציפערען און דער חודש מיט ווערטער.

3) אויב דאס יאהר, ווען דער וועק-סעל איז פעליג, וועט נישט זיין אנ-געוויזען בפירוש מיט ציפערען.

4) אויב ביי דער סומע פון וועק-סעל איז נישט צוגעשריבען דאס ווארט גילדענס אינטגאנצען ראלארען.

5) אויב דער נאמען און פאמיליע פון ם אויספראגעבער שטעהט נישט אין אלע פונקט אויפן ערשטען זייראנט.

6) אויב דער אדרעס אויפן שטעמ-פעל פון אויסשטעלער, וואס ווערט געשטעלט אויפן וועקסעל, שטימט נישט מיטן אדרעס, וואו דער וועקסעל איז צאהלבאר.

7) אויב די אונטערשריפט אדער וועלבע ס׳מוז זיין זענען נישט גע-שריבען מיט קיין לאטיינישע אותיות.

8) אויב ביים אפגרעסען זייטען דעם וועקסעל איז נישט אנגעוויזען גענוי די דאטע, ווען דער וועקסעל ווערט אנגענומען.

9) אויב דער וועקסעל איז פער-שמירט אדער געקראצט.

## פון דער ציונ. ארגאניזאציע.

פרייטאג צו נאכטס אום האלב 8 א זייגער וועט פראפ. טושקאווליט האל-טען די פארטזעצונג פון זיין ציקל רעפעראטען: א ד. ט. „דאס קרים טענטום״.

# קעלצער אבטיילונג.

## אבטונג יודישע בענק אין קעלץ און אין אומגעגענד!

די רעדאקציע פון „ראדאמער-קעלצער לעבען" בעט אלע יודישע געזעלשאפטליכע און פריוואט בענק צו פערעפענטליכען די בילאנסען פון יאהר 1926 אין אונזער ארגאן, וועלכער איז יורידיש פארזעהן אין דער הינזיכט גלייך מיט אלע אנדערע פוילישע צייטונגען.

ס'איז צו האפען, אז די יודישע בענק וועלען אונזער בקשה ערפילען און דאמיט אונטערשטיצען דעם איינציגען יודישען ארגאן פון קעלצער-קרייז.

די רעדאקציע פון „ראדאמער-קעלצער לעבען" — אין קעלץ. —

## געהאקט שייבען און געמאכט סקאנדאלען צוליב — „רעליגיע און סאציאליזם".

דעם פערגאנגענעם שבת, האט אין לאקאל פון יודישען האנדווערקער פעראיין געזאלט פארקומען א פארלעזונג פון ה' ב. ש. בערלינער, פארז. פון לאדזשער פריידענקער-פעראיין א. ד. ט. „רעליגיע און סאציאליזם" איינגעארדנעט דורכ'ן פראפ. פעראיין פון בעקליידונגס-אינדוסטריע אין קעלץ.

די דאזיגע רעש'עדיגע טעמא האט זעהר שטארק אויפגעבראכט די היגע חסידישע קרייזען, אזוי, אז בשעת קריאת-התורה האט מען אין אלע בתי-מדרשים מאביליזירט אלע כוחות, אום צו שטערען די פארלעזונג.

אזייגער 4 אווענד, ווען דער רעפעראט האט זיך געזאלט אנהייבען, האבען זיך, פאר'ן לאקאל פערזאמעלט א גרעסערע גרופע חסידים און געשטערט דעם אריינגאנג אויף דער פארלעזונג.

נישט קוקענדיג אויף די אלע פריהערדיגע דראהונגען, האט זיך דאך פערזאמעלט א גרעסערער עולם צוזשוהערען דעם רעפערענט.

בעת דער ה' בערלינער האט אנגעהויבען זיין פארלעזונג, האבען זיך מיט געוואלד אריינגעריסען אין לאקאל אריין א גרעסערע גרופע חסידים, וועלכע האבען אנגעהויבען צו שטערען די ווייטערדיגע פארזעצונג פון דער פארלעזונג. אויך פון גאס זענען בעוואָרפען געווארען עטליכע שטיינער אין לאקאל אריין, וועלכע האבען אויסגעהאקט 12 שויבען.

אין לאקאל איז ענטשטאנען א געשלעגעריי און א שרעקליכער פאניק, אזוי, אז מ'האט געמוזט ארויסרופען א גרעסערע פאליציי—אבטיילונג.

די אנגעקומענע פאליציאנטען האבען תיכף איינגעשטעלט די ארדנונג.

דער פארז. פון האנדווערקער-פעראיין, ה' גוטמאן, וועלכער איז געהאט נאר וואס אנגעקומען, האט פון דער רעדנער—טריבונע געמאלדען די פערזאמעלטע, אז וועלענדיג אויסמיידען געגענזייטיגע שלעגערייען, איז ער געצוואונגען די פערזאמלונג אויפצולעזען און דער עולם איז זיך פונאנדערגעגאנגען אין א אויפגערעגטע און דערגעדריקטע שטימונג.

## אנ'ערקלערונג פון דער פערוואלטונג פון יודישען האנדווערקער-פעראיין אין קעלץ.

די פערוואלטונג פון יודישען האנדווערקער פעראיין אין קעלץ ערקלערט, אז די פערוואלטונג האט די פארלעזונג פון ה' בערלינער נישט איינגעארדנעט, זי האט נאר בלויז פערדינגען דעם זאהל פאר א געוויסען אבצאהל, אזוי ווי זי פערדינגט אנדערע אינסטיטוציעס און, אז דעם גאנצען שבת'דיגען טאג האט אויך קיינער פון די חסידישע קרייזען נישט אינטערווענירט וועגען נישט דערלאזען די פארלעזונג זאל צושטאנד קומען.

אין נאמען פון דער פערוואלטונג פארזיצענדער (—) יודעל גוטמאן.

## די ניי-יאהר-וואונשונגען אין דער וואיעוואדסטווא.

שבת דעם 1—טען יאנואר ה. י. האט דער קעלצער וואיעוואדע ה' מאנטייפעל אנגענומען אין פארטרעטען זאהל די ניי-יאהר-וואונשונגען לכבוד דעם נייעם יאהר.

פונקט 12 א זייגער מיטאג איז דער ה' וואיעוואדע אריינגעקומען אין דעם אויבערטערמאנטען זאהל און אנגענומען די ניי-יאהר וואונשונגען פאר דער רעגירונג, פון די פערזאמעלטע פארשטעהער פון אלע ארטיגע און פרימדע קאמונאלע און געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס.

די קהלה-פערוואלטונג איז געווען רעפרעזענטירט דורך די ה"ה: הרב ראפאפארט, פארז. רייזמאן און וויצע פא. ז. מ. קליבקא.

מצד דעם „ראדאמער-קעלצער לעבען" איז געווען פארטרעטען דעם מיטארבייטער ה' חיים זיעלאני.

דער ה' וואיעוואדע האט געהאלטען א קורצע רעדע וועגען די יעצטיגע פאליטישע לאגע אין לאנד, האט פערזיכערט אז דער מצב פון דער מלוכה האט זיך פערבעסערט און פארשטעלענדיג זיך פאר יעדען גאסט בעזונדער, האט דער ה' וואיעוואדע נעדאנקט אין נאמען פון דער רעגירונג פאר די וואונשונגען.

1 א זייגער מיטאג זענען די געסט פונאנדערגעגאנגען.

## סענסאציאנעלע קלאגען.

אין שטאט געהען אום קלאגען, אז געוויסע קהלה-שוחטים האבען עובר געווען אויף תקנות—הקהל און קויפען כסדר פלייש פון אזעלכע קצבים וואס האבען נישט קיין גלאט כשר'ע יאטקעס. און נוצען דאס פלייש פאר זיך. דער ראבינאט פיהרט וועגען דעם ענין א שטארקע געהיימע חקירה ודרישה. פרטים שפעטער.

## דער „בית-יתומים" מאסקען—באל אין קינא „פאלאס",

זעהר אימפאזאנט איז אויסגעפאלען דער מאסקען—באל, איינגעארדענט דורך דער פערוואלטונג פון „בית-יתומים" אין קינא „פאלאס", שבת, דעם 1 יאנואר ה. ה.

דער 600 קעפיגער עולם, וועלכער איז בעשטאנען פ'רוב פון דער יודיש-נאציאנאלע אינטעליגענץ האט זעהר געמיטליך פערברענגט ביז'ן העלען טאג-אריין.

אויך די ארגינעלע מאסקעס האבען זעהר אויפגענומען ביי די געסט.

דער מאטעריעלער ערפאלג איז געווען זעהר א באפרידיגענדער אזוי, אז ער האט געבראכט א ריינע הכנסה פון 1600 זלאטעס.

אין אלגעמיין זענען די געסט, יודען, ווי קריסטען, וועלכע זענען דורשטיג געווען צו אזא באל געווען זעהר צופרידען.

אלע לאזשעס זענען געווען געדיכט בעזעצט דורך פערשידענע בעזוכער, וועלכע האבען נישט קיין גרויס בקיאות אין הלכות „רקירה".

אין א געהויבענע שטימונג אונטער די קלאנגען פון „התקוה" בעגלייט דורכ'ן ארקעסטער איז זיך דער עולם 8 א זייגער פריה פונאנדערגעגאנגען.

מען מוז מודה זיין, אז דאס מאהל האט די יודישע געזעלשאפט געהעריג אבגעשאצט די ארבייט פון דער פערוואלטונג, געבענדיג דאביי א געהעריגע מאטעריעלע שטיצע דעם ארימען יודישען יתום.

א בעזונדערען דאנק פאר זייער איבערגעגעבענע ענערגישע ארבייט לטובת דעם באל פערדינען די ה"ה: אפפראוויץ, י. מ רייזמאן, מ. וואלדבערג, פר"ל מ. לובלינער, פרוי זעליגנער, פרוי ניעביעלסקא, פר"ל פריידזינגער, געשוויסטער פר"ל קאסעל, מ. גאלדבערג און פר"ל ל. מאשקאוויץ.

## א סקאנדאליעזע געשיכטע אין דארף קארטניצע (יענדזיעווער קרייז).

**דער גלח לאזט נישט אויפבויען א יודיש הויז — „אויב די יודען וועלען זיך נישט ארויסצעהען פון דארף, וועט זייער סוף נישט גוט זיין".**

דער איינוואוינער פון דארף קארטניצע (יענדזיעווער קרייז) יחזקאל ראזענהאלץ האט זיך געמאלדען אין אונזער רעדאקציע און איבערגעגעבען פאלגענדע סענסאציאנעלע געשיכטע:

מיט א קורצע צייט צוריק האט ה' ראזענהאלץ געדינגען א וואוינונג אויף א יאהר ביי א פויער אין דארף קארטניצא. דער דארטיגער גלח יאן וואלינסקי איז פון דער זאך נישט געווען זעהר צופרידען,—היתכן? א יוד זאל האבען א מקום מנוחה אין א קריסטליך הויז? דער גלח האט נישט לאנג געטראכט און געמאנען דעם פויער, אז ער זאל דעם יוד פון דער דירה עקסמיטירען, וואס ס'איז טאקי געלונגען. נישט האבענדיג קיין דאך איבערן קאפ איז דער יוד צוגעטרעטען צוריק אויפצובויען זיין אייגען הויז, וועלכעס איז בשעת דער מלחמה חרוב געווארען און האט צו דעם צוועק ארויסבעקומען פונם דארטיגען וואויט א בוי-ערלויבעניש.

דער גלח האט אנגעקלאגט דעם וואויט, אז ער האט דעם יוד ארויסגעגעבען א פאלשע ערלויבעניש צוריק אויפצובויען דאס הויז, אויפווייזענדיג מיט „עדות", אז דאס הויז געהער נישט צום יודען און האט נישט ערלויבט די ארטיגע דארפישע מוירער דאס הויז אויפצובויען. דער יוד האט אראבגעבעטען פויערן פון די שכנות'דיגע דערפער, וועלכע האבען אויפ'ן גלח'ס רייד נישט געקוקט און אויפגעשטעלט די ווענד,

דערוואַרטענדיג דאָס איז דער גלח מכבודו ובעצמו אליין געקומען מיט נאָך עטליכע פויערען און האָבען די אויסגעשטעלטע ווענד צוריק איינגעפייגט. די פאליציי האט אפילו געגען דער עוולה רעאגירט און האט די שפּעטער אנגעקלאגט אין געריכט אריין אָבער... אַלע זענען געבליבען אָהן בעשטראַפט. איצט פיהרט דער גלח א שטאַרקע בויקאָט-אַגיטאַציע צווישען די פויערען, אַז זיי זאָלען ביי די יודען נישט קויפען און מיט די יודען נישט פאהרען. ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, אַז מען גיט כסדר אַרויס בעפעהלען אויסצוהאַקען די שויבען אין די וואָהנונגען די רעבער פון די יודישע הייזער און די „איידעלע [illegible]" ווערען אויסגעפיהרט מיט אַלע פרטים. ווי דער יוד ראָזענהאָלץ גיעט איבער, זאָל דער גלח האָבען געזאָגט, אַז אויב די יודען וועלען איהם געבען 1500 זלאָטעס וועט אַלעס זיין אין בעסטען אָרדנונג. אויב נישט זאָלען די יודען בעצייטענס פערלאָזען דאָס דאָרף, ווייל ווייטער פיף וועט נישט גוט זיין.

אויף דעם גלח'ס-ברודער ח' פיעטרוש העלפט אויך צו זיין ברודער אין זיין הייליגער אַרבייט געגען די יודען.

ח' ראָזענהאָלץ האט אויפגעגעבען א גאנצע רייהע קריסטליכע עדות, וועלכע וועלען די אַלע פאקטען בעשטעטיגען.

ס'וואָלט זעהר כדאי געווען, אַז דער יודישער נאַציאָנאַל-ראַט זאָל זיך מיט'ן גאנצען ענין פערנעמען און זיך משתדל זיין א סוף צו מאכען צו אזעלכע פּקאָגראָליפּזע מעשים.

## אַנ'ענטפער דעם העברעאישען לערער ה' קשענסקי.

כ'וואָלט זיך נעהמען נישט געוואָלט אריינלאָזען אין א וכוח מיט'ן ח' קשענסקי, וועלכע איז מיטן נאָמען אין „ראַדאָמער-קעלצער לעבען" № 52 גאָר אויסען געווען צו דעמאָנסטרירען, אַז ער איז א העברעאישער לערער, נאָר למען האמת, קעגענדיג דעם ה' ק. ד. ה. דעם ה' קופפערבערג אלס לאנגיעריגען קעלצער-בעל-הבית גיב איך פאָלגענדע ערקלערונגען:

ס'איז א שקר מוחלט, אַז איך האָב געפאָדערט ביי די לאָקאַטאָרען צו 3 זלאָטעס מיט 30 גראָשען צו פעריכטען די ברונעם, פערקערט, דאָס האָבען די לאָקאַטאָרען צוזאמענגענומען אָהן מיין ידיעה און אין מיין נאָמען האָט זיך צום ה' קשענסקי קיינער נישט געוואָנדען נאָך געלד אויף צו פעריכטען די ברונעם.

אמת איז, אַז כ'האָב דעם ה' קשענסקי איינגעקלאָגט אין געריכט אריין פאר נישט וועלען בעצאָהלען פאר 16 חדשים „שוויעדנעשעניעס" און כ'האָב טאקי געוואונען אפילו ביי דער צווייטען אינסטאַנץ ד. ה. אין קעלצער קרייז-געריכט.

אמת איז אויך, אַז דער ה' קשענסקי האָט מיט נאָך מיינע 2 קריסטליכע לאָקאַטאָרען אָבגעגעבען אין געזונדהייטס-אָבטיילונג א קלאָגע געגען מיר, אַז אין מיין הויז איז דאָ א וואסער-לייטונג און איך וויל בכיוון קיין וואסער נישט געבען, בכדי איינצושפּאָרען זיך געוויסע הוצאות. דאָס קען אויך בעשטעטיגען דאָקומענטאל פון ערהאַלטענעם אָבשריפט פון געזונדהייטס-אָבטיילונג פון 7 מערץ 1925 № 186.

איבערגעבענדיג די אלע אויבען אויסגערעכענטע פאקטען פון ה' קשענסקי זאָל די געזעלשאפט מישפּט'ן די פאקטען פון העברעאישען לערער, ה' קשענסקי, וועלכער איז נאָר אויסען געווען צו פערטושען די מחות פון דער געזעלשאפט.

משה קופפערבערג.

## די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון „בית-יתומים".

זונטאג, דעם 2 טען יאַנואַר ה. י. איז אין 2 טערמין פאָרגעקומען די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון „בית-יתומים", אויף וועלכער ס'איז אויסגעוועהלט געוואָרען א נייע-פערוואַלטונג.

צוליב דער וויכטיגקייט פון דער פערזאמלונג און דיסקוסיע בפרט וועלן מיר אין קומענדיגען נומער פון א. נ. צייטונג געבען אַנ'אויספיהרליכען בעריכט.

## פונם החלוץ אין „קעלץ".

די היגע „החלוץ"—אָרג. האָט לעצטענס ענטוויקעלט א לעבהאפטע טעטיגקייט אויפן קולטורעלען געביט. די חברים פון דער אָרג. זענען געוואָרען איינגעטיילט אין קבוצות, וועלכע פערנעהמען זיך מיט א סיסטעמאַטישען שטודיום פון די פּראָבלעמען, וועלכע שטעהען אויפן סדר-היום פון דער א"י-דיגער אריבערפעהר-בעוועגונג, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, געשיכטע פון סאָציאַליזם א. א.

נאָך בעזונדער האט זיך אָבער די אָ"ג. פערנאָמען אויף אַנ'אַנדער געביט און געמאכט: ס'ווערען דורך א הר געעפענט אָווענד-קורסען. וועמענס וויכטיגקייט פאר דער אַרבייטער יוגענד איז א קאָלאָסאַלע.

אויף די קורסען, וועלכע ווערען איינגעאָרדענט אין א בעקוועמען לאָקאַל (פאָלקס-שולע פאר מיידלעך — סילניטשנאַ 3) — וועלען געלערענט ווערען: יודיש, העברעאיש, פּויליש, אריטמעטיק, נאַטור-וויסענשאפט, פּאָליטישע עקאָנאָמיע א. א.

ס'איז צו פערהאָפען, אַז די קורסען וועלכע ווערען געפיהרט דורך רוטינירטע לעהרער—וועלען האָבען א שטאַרקען ערפאָלג.

## קאָמוניקאַט פונ'ם פּראָפ. פעראיין בעשעפטיגטע אין האנדעל און ביוראָ אין קעלץ.

יעדען טאָג פון 6 ביז 8 אָוונד ערטיילט דער סעקרעטאַריאַט פון פעראיין אלע מעגליכע אינפאָרמאַציעס און אונטערשטיצונגען אין אל. פראַגען, וואָס האָבען א שייכות צו ער קראַנקען קאַסע. —

[illegible] אין ביוראָ אָנגעשטעלטע, וועלכע געהערען נאָך נישט צו דער קראַנקען קאַסע האָבען דאָס רעכט צו גענייסען פון דער קראַנקען קאַסע פון דעם מאָמענט אָן, ווען זיי ווערען בעשעפטיגט, נישט אבהענגיג פון דעם צי דער אַרבייטסגעבער האָט זיי איינגעמעלדעט אין דער קראַנקען-קאַסע.

